ה. פאליאק

# פון די קליינע קינדערס וועגן

## אלעפבייס פאר שולן און קינדער - הייזער

קאאפעראטיווער פארלאג „קולטור—ליגע"
קיעוו—1923

# פאררוואָרט.

די פּרינציפּן, וואָס זיינען געלייגט געוואָרן אין גרונט פון א״ב, זיינען פאָלגנדיקע:

I. וואָס לייכטער מאַכן פאַר די קינדער דאָס באַהערשן דעם פּראָצעס פון לייענען.

צוליב דעם ווערט אין אונזער ביכל:

1) ווי ווייט מעגלעך אָפּגעהיט די ענלעכקייט פון שכייניש׳ע ווערטער (מעטאָד פון ענלעכקייט).

2) די מער קאָמפּליצירטע און שווערע קלאַנגען־באַהעטונגען ווערן אַריינגעפירט בעהאדראגע (צוערשט גלייכע צוויי־אויסיעסדיקע טראַפן, שפּעטער — פארמאַכטע דריי־אויסיעסדיקע טראַפן און גאָר צולעצט — טראַפן מיט דריי און העכער קאָנסאָנאַנטן).

3) ס׳ווערט אויך אָפּגעהיט קאָנסעקווענטקייט און געזעצמעסיקייט אין דער אָרדנונג פון די קלאַנגען, באַם אַריינפירן אין א״ב.

אַף דער ערשטער שטופע, למשל, ווערן אַריינגעפירט בלויז לאַנג־דויערנדיקע און האַרטע קלאַנגען, וואָס זיינען לייכטער צום אַרויסרעדן און דער איקער צום צונויפגיסונג.

II. דער א״ב הויבט זיך אָן מיט קסאַוו־שריפט. געדרוקטער שריפט ווערט אַריינגעפירט ערשט דאַן, ווען די קינדער באַהערשן שוין אין א גרויסער מאָס דעם פּראָצעס פון לייענען און, דער איקער, ווען זיי באַהערשן שוין גוט דאָס געשריפטס און ווען מ׳קאָן רעכענען, אז דער איבערגאַנג צו אַן אַנדער טעקסט וועט פאַר זיי ניט זיין צו שווער.

מיט געדרוקטן שריפט ווערן די קינדער באַקענט דורך דעם, וואָס איינער און דער זעלבער טעקסט ווערט איינצייטיק געגעבן אין א געדרוקטער און געשריבענער פאָרם.

אַף דער ערשטער שטופע פון קסאַוו־שריפט איז געוואונטשן צו פירן דעם לימעד, באַנוצנדיק דעם טאוול און אלערליי געשריבענע און אויסגעשניטענע (לויט מאָנטעסאָרים מעטאָד) קאַרטלאַך.

דאָס ביכל מעג געגעבן ווערן די קינדער ערשט באַם אַריבערגאַנג צו דער צווייטער שטופע, ווען זיי וועלן קאָנען געפינען פאַר זיך לייען־שטאָף אַף אַריבער 30 זייטלאַך.

III. דער מאַטעריאַל צום לייענען איז ווי ווייט מעגלעך גענומען געוואָרן א צוגייִנגלעכער, נאָענטער פאַר די קינדער און איז דערוועלבער צייט לייכטער צום לייענען — מייסעלאַך, פאָלקס־לידעלאַך, שטעלן פון שאָלעם־אליכעם, פּערעץ, קוויטקא, ניסטער, פיכמאַן, האָפשטיין, מאַרקיש, א. א.

נאָר וויל אַף דער ערשטער שטופע איז די צאָל ווערטער, מיט וועלכע מ׳קאָן אָפּערירן, זייער באַגרענעצט, איז אויסגעקומען אַריינצופירן קעפלאַך צו אייניקע לעקציעס מיט קליינעם געדרוקטן שריפט, וואָס איז באַשטימט בלויז פאַרן לערער.

אין טעקסט גופע אָבער אַף דער שטופע טרעפן זיך ניט מער ווי עטלעכע פארבינדונגס־ווערטער (און, אין, האט א. א.), וואָס די קינדער וועלן ניט קאָנען לייענען אָן דער הילף פונם לערער.

וואָס אַנבאַלאַנגט די ערשטע ווערטער (מאַמע, מאַשע, שאַמע), דאַרפן זיי פאַרגעטראָגן ווערן די קינדער דורך אַנטשפּרעכנדיקע מייסעלאַך.

ה. פּאָליאַק.

---

(די קליינע מאַשע אין וויגעלע ליגט,
אין קליינעם וויגעלע ליגט,
און די מאַמע זי שטיל פֿאַרוויגט,
גאַנץ שטיל זי פֿאַרוויגט)



א א א א

שא, שא, מאשע, מאשע.

א א א א

שא, שא, מאשע, מאשע.

(מאַשע מיט אירע כאַווערטעס):



מאשעלע



מארעלע



שארעלע

לעמעלע מע.

(פארצויגן די נעמען)

מאמעלע  מארעלע

שאמעלע  שארעלע

מאשעלע ארעלע-גארעלע

# ɣOlɟ

:ɣɐl(O

 ɣOlɟ l( ,ɣNl(N

 ɣOlɟ l(

 ɣOlɟ l(

ɣʃɣNɣʃ

ɣʃɣNɣʃ  l(

ɣʃɣNɣʃ

 |'l( ɣʃɣɔɣʃ l(

 |'l( ɣʃɣɔɣʃ l(

 |'l( ɣʃɣɔɣʃ l(

 |'l( ɣʃɣɔɣʃ l(

אין  א לעכעלע
אין לעכעלע א 

א רעקעלע.
א עקעלע.

(וואָס טוט מען דערצו?)

א לעכעלע אין 
א לעכעלע אין רעקעלע
א לעכעלע אין סאקעלע
א לעכעלע אין קעסעלע
א לעכעלע אין 

סאָרע

קאָרע

נאָרע



א  אין נאָרע.

סאָרע:

נא  קאָרע

נא 

נא 

(העזעלע וויל אבער פון נארע נים גיין)




(וואָס די קינדער האָבן)

כאַנע — אַן עפּעלע.
נעכאָמע — אַ שערעלע.
פּערעלע — אַ סוקעלע.
פעסעלע — אַ רעקעלע
און אַ ן עקעלע.

---

(סאָרעלע קאָן נאָך ניט ריידן)

אַ קערעלע — קעלעלע.
אַ שערעלע — שעלעלע.
אַ — קויקע.
אַ — פּויפּע.
אַ בורעלע — הולעלע.
און ורעלע — ולעלע

---

# שול

שאמע נעכאָמע פּערעלע
כאַנע ראָכעלע פּעסעלע
אלע, אלע אין שול



---

(פּערעלע, פּעסעלע און ארעלע שרעקן סארקעלען)

נו, נו, נו, פּערעלע
נו, נו, נו, פּעסעלע
נו, נו, נו, ארעלע

---

לעמעלע: מע, קוקורעקו,
מו, הינדעלע קאָקאָ,
ארעלע: פּאַפּע

טאַטע מאַטאָנע
מאַמע אַ מאַטאָנע

(מאַטאָנעס פון טאַטע-מאַמע).

עטעלע האָט אַ 
טעמע האָט אַ קעמעלע.
מאָטעלע האָט אַ שערעלע.
סאָרע האָט אַ 
און הערשעלע האָט אַ טישעלע

(מאַכט דאָס פאַסטוכל אינדערפרי אף זיין פייפעלע:
טו - רו - רו, טו - רו - רו.
און אין שטעטל אַלע קיהעלאך מוקן צו אים:
מו - מו - מו, מו - מו - מו).



טו - רו - רו,
טו - רו - רו.

מו - מו - מו
מו - מו - מו



באָבע        אַ באָבע

באבע, סאָרע און בעבעלע.

בו, בו, בו, באָבע,
— נו, נו, נו, בערעלע

---

(וואס די קינדער האבן אויסגעמאלט).

טעמע — אַ 

כאנע — אַ 

סאָרע — אַ 

אָבע — אַ 

און פערעלע — אַ בערעלע.

(קליין און גרויס)

| | |
|---|---|
| בארעלע | בארעלע |
| באר | באר |
| א באר | א באר |
| נארעלע | נארעלע |
| נאר | נאר |
| א נאר | א נאר |
| בערעלע | בערעלע |
| בער | בער |
| א בער | א בער |
| שערעלע | שערעלע |
| שער | שער |
| א שער | א שער |

(קליין און גרויס)

| | |
|---|---|
| בעקעלע | בעקעלע |
| באָק | באָק |
| אַ באָק | אַ באָק |
| פּעקעלע | פּעקעלע |
| פּאַק | פּאַק |
| אַ פּאַק | אַ פּאַק |
| טעפּעלע | טעפּעלע |
| טאָפּ | טאָפּ |
| אַ טאָפּ | אַ טאָפּ |
| קעפּעלע | קעפּעלע |
| קאָפּ | קאָפּ |
| אַ קאָפּ | אַ קאָפּ |

(מיט אַלע אין אַרבעט).

באק , קוק ,

שער , שערעלע. קער ,

קעם , קעמעלע. מעקע, לעמעלע.

**א ווײַנשעלע**

א סאך, א סאך

**א סאך, א סאך ווײַנשעלאך**

א בארעלע **א בארעלע**

א סאך, א סאך בארעלאך.

**א סאך, א סאך בארעלאך**

א עפּעלע **א עפּעלע**

א סאך, א סאך עפּעלאך.

**א סאך, א סאך עפּעלאך**

א  א פלאָם

א סאך, א סאך 

**א סאך, א סאך פלאָמען**

א קערעלע. **א קערעלע**

א סאך, א סאך קערעלאך.

**א סאך, א סאַך קערעלאך**

א רעטאַך **א רעטאַך**

א סאך, א סאך רעטעכער.

**א סאך, א סאך רעטעכער**

מאָן **מאָן**

א סאך, א סאך מאָן.

**א סאך, א סאך מאָן**

(וואָס סע וואַקסט בא אונז אין גאָרטן):

# און באַרעלאך
# עפּעלעאך און
# רעטעכער און מערן
# קערעלאַך און מאָן
# אַ סאַך, אַ סאַך מאָן

(וואָס די קינדער ווילן זיין):

נאָכעם — א לערער,
שאָלעם — א שערער,
באָרעך — א בעקער
און לעמעלע — א טעלער=לעקער

כא, כא, כאַ!
לעמעלע נאשער!
לעמעלע נאשער!

# א שעפּערלע  א שעפערלע

(נעכאמעס ארבעט פון לייט)

| | |
|---|---|
| א שעפערלע | אַ שעפּערלע |
| און א לעפערלע | און אַ לעפּערלע |
| א שאָל | אַ שאָל |
| און א טעלער | און אַ טעלער |
| א שאפע | אַ שאַפּע |
| און א בעט | און א בעט |
| א מולטער | אַ מולטער |
| און א קאָרעטע | און א קאָרעטע |
| א קעסעלע | א קעסעלע |
| און א פעסעלע | און א פּעסעלע |

# פול.

מאָן אַ פולער טעלער,
בולבעס א פולער קעלער,
קאַשע א פול שיסעלע,
ביר א פול פעסעלע,
באַרן א פולע קאַמער
בא ראָבעלעס מאַמע

---



כאנע, כאנע! א

רוף סאָרען,
רוף ראָכלען,
רוף נעכאָמען,
רוף, רוף אלעמען
א קוק טאָן אפן



(די קינדער האבן זיך דערשראָקן פֿאַרן בער און האָבן ־ך באהאלטן)

מירעלע אונטערן טירעלע,
פישעלע אונטערן טישעלע,
עטעלע אונטערן בעטעלע,
מיכעלע אין שיכעלע,
ניסעלע אין שיסעלע
און העשעלע אין פלעשעלע.

איך
איר
מיר
איך א ביסעלע
איר א ביסעלע,
מיר א פול שיסעלע.

# באַק, מירעלע.

נעם, מירעלע, א ביסעלע מעל,
שיט אין שאָל, ניט מיט א מאָל,
פֿאַרמיש מיט אן מאַך א
לייג עס אין

(טוט בעסער אַ רעכטע אַרבעט).

מעק ניט, סימע, מאָל בעסער
נאַש ניט, מירקע, כאַפּ בעסער

ווער? ער. וואָס? אַ שאָס.
וועמען? דעם בער.
ווען? וואו? פאַרוואָס?

# רעטענישן.

ווער האָט א קאם
און קאָן מיט אים ניט קעמען?
ווער האָט א 
און קאָן מיט איר ניט נעמען?

א האָט א קאם
און קאָן מיט אים ניט קעמען.
א מעסער האָט א האנט
און קאָן מיט איר ניט נעמען.

וואו איז פֿאראן א וואסער אָן א פֿיש?
וואו איז פֿאראן א אָן א טיש?

וואסער אין האָט ניט קיין פֿיש.
א פּוסטע שטוב האָט ניט קיין טיש.



# באַבינקע און בערעלע.

בערעלע, בערעלע, קום צו מיר,
מיט פּוטער האָב איך פאַר דיר.
— איך וויל ניט.

בערעלע, בערעלע, קום צו מיר,
קאַשע מיט מילך האָב איך פאַר דיר.
— איך וויל ניט.

בערעלע, בערעלע, קום צו מיר —
מיט האָניק האָב איך פאַר דיר.
— וויל איך!

(וואָס די קינדער האָבן ליב).

כאַווע האָט ־ליב 

סימע האָט ליב 

סימכע האָט ליב שעפּעלאַך,

איטע האָט ליב 

אַוורעמעלע האָט ליב טייבעלאַך

און וועלוועלע האָט ליב קעלבעלאַך.

א כאַטקע
אין ווינקעלע, אין נאָרקעלע
מאַכט א כאַטקע
קומט בער אהין 
און מירקע און קאָטער,
ווערט פֿון כאַטקע פּאָטער.

# א לידעלע

דינע קאָן א לידעלע
פון א בין און א פליגעלע.
דינע האָט ליב דאָס לידעלע.

---

א מיט א דעכעלע,
א מיט א דעקעלע,
א מיט רעדעלאך,
א טעשעלע מיט נאָדעלאך
און קיכעלאך מיט מאָנדעלאך
האָבן ליב אלע קינדערלאך.

---

דאָוויד האָט אַ
און אַ פערדעלע:
אַ מיט רעדעלעך
און אַקסעלעך
און אַ פערדעלע מיט דינע,
דינע פיסעלעך.

---



**א זעקעלע מעל!**
**א זעקעלע מעל!**

# זומער און ווינטער.

זאלמען האָט בעסער ליב זומער
און זעליק האָט בעסער ליב ווינטער.
און איר, קינדער,
וואָס האָט איר בעסער ליב?

---

# וואָס זאלמען האָט ליב.

זיסע פלאָמען, בארן,
ניסעלאך און עפּעלאך.
זיסע ניסעלאך
פולע שיסעלאך,
זיסע עפּעלאך
פולע זעקעלאך.

---

# גיטעלע.

גיטעלע האָט א סאך גוטע זאכן.

וועגעלאך און רעדעלאך,
וויגעלאך און וויקעלאך,
טיכעלאך און בענדעלאך,
טעפּעלאך און פּענדעלאך.

גיב, גיטעלע:

טעמען—א טעפּעלע,
כאנען—א וויגעלע,
נעכאָמען—א רעדעלע,
שאמען—א טיכעלע
און מענדעלען—א בענדעלע.

גיטעלע איז א גוטע—
זי וועט אלעמען געבן.

געגײנגען.
געקומען.
גענומען.
געגינגען-
א לידעלע.
װער ?
װאסער לידעלע ?

## א בין.

**א בין האָט א בים געטאָן מיכלען.**
**היט זיך, זאלמען.**
**היט זיך, מענטע,**
**היט זיך, דינעלע,**
**היט זיך פארן בינעלע.**

עקעלע רעקעלע ברעקעלע

ווער איז דאָס?

אין אַ רעקעלע

אַ ברעקעלע

מיט אַ לאַנג עקעלע.

שטעקעלע פלעקעלע

אַ שטעקעלע אַ פלעקעלע.

מיין שטעקעלע

איז געוועזן בא זיין באַבעס וועגעלע

אַ פלעקעלע



אַף אַ בערגעלע אַ
אַף דעם —
אַף די בלעטעלאַך,
בלעטעלאַך מיט אַ בלימעלע.
אַף דעם בלימעלע אַ פליגעלע.

---

אינגעלאַך און 
בלימעלאַך און גרעזעלאַך,
פיקסעלאַך און העזעלאַך,

פישעלאך און פרעשעלאך,
בינעלאך און פליגעלאך —
אלע, אלע זינגען זיסע לידעלאך.

---



אין עק גאס א שטיבעלע,
אין שטיבעלע א וויגעלע.
אין וויגעלע א אינגעלע,
זיסעלע מיט א קרום פיסעלע.




## בא אונז פאראן:

אַ קאץ מיט קעצעלאך,
אַ  מיט הינדעלאך,
א קו מיט א קעלבעלע,
א שאָף מיט לעמעלאך
און א ציג מיט ציגעלאך,
מיט ציגעלאך-מיגעלאך.

---

## אלע העלפן אונז.

די קאץ גיט אונז איר פעלעכל,
מאכן מיר זיך א קעלנערל.

די גאנז גיט אונז פעדערלאך,
מאכן מיר זיך קישעלאך.
די גיט אונז
האָבן וואָס צו עסן די קינדערלאך.
דאָס פערד פירט אונז ציגעלאך,
מאכן מיר זיך שטיבעלאך.

ציפּע די קניפּע,
קום צום טיש.
וואָס וועלן מיר עסן?
-כאַלע מיט פיש.

ציפּע די גרינע,
קום צו מיר.
וואָס וועלן מיר טרינקען?
-אַ פלעשעלע ביר.

שווימען,
וואסערלאך רינען,
פלאטערלאך פליען,
בלימעלאך בליען,
גלעקעלאך קלינגען,
זינגען.

## וואָס די קינדער טוען:

שפּיקן און זינגען,
מיט גלעקעלאך קלינגען,
ראַמען און קערן,
מאָלן און שערן,
מאכן גוטע זאכן,
גאָרניט אף צו לאכן.

גוט מאָרגן,
אידל.

וואו ביסטו געווען?
— אין ריגע.

וואָס האָסטו געבראַכט?
— אַ פידל.

ווי וועט ער שפילן?
— רידל-דערידל.

---

אין מיטן-　　　　אין עק-
אַ שליטן　　　　אַ דעק.

און מע גיסט אין מיטן,
האָט מען אַ גאָלדענעם שליטן.
און מע גיסט אין עק,
האָט מען אַ גאָלדענע דעק.

## אוורעמעלע איז אונזערער:

— וואו האָט איר אים גענומען?
— אונטערן קעלער.
— וואָס וועט איר אים געבן עסן?
— אַ ליידיקן טעלער.

## נעבאמקע איז אונזערע.

— וואו האָט איר זי גענומען?
— אונטערן טיש.
— וואָס וועט איר איר געבן עסן?
— באלע מיט פיש.

* * *

אמאָל האָב איך געהאט אַ
דאָס האָט מיר געבראכט

א . — די גיב איך

אַ קו. — די קו גיט מיר מילעך. — די

מילעך גיב איך אַ קעצעלע. — דאָס

קעצעלע גיט מיר אַ פעלעכל. — פאַרן

פעלעכל גיט מען מיר קערנער. — די

קערנער גיב איך דעם מילנער. —

דער מילנער גיט מיר מעל. — די מעל

גיב איך דעם בעקער. — דער בעקער

באַקט מיר . — דאָס גיב

איך די הינדעלאַך. — די הינדעלאַך

גיבן מיר — די עס איך,

און ניט פאַרגעס איך.

# וואונדער.

האָב איך א פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס טוען בראָקן לאָקשן.
אַך, וואונדער, וואָס די אָקסן
ליבער וואונדער, בראָקן לאָקשן —
דאָס איז מיר א וואונדער.

האָב איך א פּאָר קעצלאך, קעצלאך,
וואָס טוען באקן פלעצלאך.
אַך, וואונדער, וואָס די קעצלאך
ליבער וואונדער, באקן פלעצלאך,
וואָס די אָקסן
בראָקן לאָקשן—
דאָס איז מיר א וואונדער.

האָב איך א פּאָר ציגן, ציגן,
וואָס טוען קינדער וויגן.

אך, וואונדער, וואָס די קעצלאך
ליבער וואונדער, באקן פלעצלאך, —
וואָס די ציגן וואָס די אָקסן
קינדער וויגן, בראָקן לאָקשן—
— דאָס איז מיר א וואונדער.

---

# א שנייעלע.

א שנייעלע פליט,
א שנייעלע פאלט,
די שנייען פארשיטן דאָס פעלד און דעם וואלד.

דאָס טייבעלע פרירט,
דאָס טייבעלע שטייט,
דאָס קלארינקע טייבל מיט שנייען פארווייט.

דאָס שטיבעלע ווייס,

די פענסטער מיט-אייז,

באַם שטיבל, אין גערטל, אַ ראָב זוכט זיך שפּייז.

דער ראָב שרייט קררא-א —

אַ לאָשן אזא.

ראָב, נא דיר מײַן ביכעלע — טרא-לא-לא-לא.



## א לידעלע.

איינס און איינס איז צוויי,
צוויי און איינס איז דרײַ,
האָב איך מיר אַ לידעלע,
לידער — לידער — לײַ.

* * *

איינס און צוויי איז דריי,
און נאָך איינס איז פיר,
שטייט א שטיבעלע געבויגן
אָן א דאך און אָן א טיר.

פיר און איינס איז פינעף
און נאָך איינס איז זעקס,
דאָרט אמאָל געלעבט א קאָטער,
האָט געבאַקן ער געבעקס.

וואו זשע האלטן מיר? — בא זעקס.
זעקס און איינס איז זיבן,
וועגן דעם א שיינע מייסע
וואָלט די קאַץ געשריבן.

זיבן, אכט און ניין
און נאָך איינס איז צען,
קאָן די קאַץ זיך ניט דערמאנען,
וואָס און ווער און ווען.

וואו שטייסטו?
— אופן גאס.
וואס עסטו?
— בייגעלאך.
וואס טרינקסטו?
— קוואס.
וואס כאפסטו?
— פייגעלאך.

---

ווער-ווייס איינס?

— איינס ווייס איך:

איינס איז א קעפעלע

מיט א קליין צעפעלע.

---

ווער ווייס צוויי?

— צוויי ווייס איך:

צוויי עקן

האָט א שטעקן.

איינס איז א קעפעלע

מיט א קליין צעפעלע.

---

ווער ווייס דריי?

—דריי ווייס איך:

| | |
|---|---|
| דריי עקן | צוויי עקן |
| האָט א קרעפל. | האָט א שטעקן. |

איינס איז א קעפעלע

מיט א קליין צעפערע.

---

ווער ווייס פיר?

—פיר ווייס איך:

| | |
|---|---|
| פיר עקן | דריי עקן |
| האָט א בעקן | האָט א קרעפל. |

צוויי עקן

האָט א שטעקן.

איינס איז א קעפעלע

מיט א קליין צעפעלע

---

ווער ווייס פינעף

פינעף ווייס איך:

—פינעף פינגער
איז א כאפּ.
פיר עקן
האָט א בעקן.

דריי עקן
האָט א קרעפּל.
צוויי עקן
האָט א שטעקן.

איינס איז א קעפּעלע
מיט א קליין צעפּעלע.

---

## שניי-טייבעלאך.

שניי און שניי און שנייעלאך,
פּיצינקעלאך טייבעלאך,
פליען, פליען, זעצן זיך
אף דער גאָרער וועלט.

ווערט די וועלט א ווייסינקע,
פול באַזעצט מיט טייבעלאך,
שניי און שניי און שנייעלאך,
פרישינקע ווי קעלט.

---

# רעטענישן.

1) פליט אין פליגל,
אויערט אין ציגל.
לייגט זיך ווי א האר,
און שטייט אויף ווי א נאר.

2) ניט לאנג געטראכט
אין געצייג, אין געהילף
א בריק געמאכט.

3) שטייט א ווייסע פריצע
שטיל בא דער וואנט,
און ווער סע גייט דורך
גיט איר די האנט.



## הערשעלע.

הערשעלע האט האָנדעלאך.
הערשעלע האט הינדעלאך.
הערשעלע האט העזעלאך.
הערשעלע האט הינטעלאך.
הערשעלע האט און האט

---

* * *

בין איך מיר א קינד,
באדארף איך א וויג האָבן,
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי מיין וויג וועט הייסן?

— ציגל-מיגל
הייסט דאָס וויגל.

---

האָב איך מיר א וויג,
באדארף איך א דירע האָבן,
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי די דירע וועט הייסן?

— פינטל-מירע
הייסט די דירע,
ציגל-מיגל
הייסט דאס וויגל.

---

האָב איך מיר א דירע,
באדארף איך א שטאל האָבן,
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי מיין שטאל וועט הייסן?
— אל־דאל    פינטל־מירע
הייסט די שטאל,    הייסט די דירע,
ציגל־מיגל
הייסט דאָס וויגל.

---

האָב איך מיר א שטאל,
באדארף איך א פערד האָבן,
וואָלט איך וועלן וויסן
ווי מיין פערד וועט הייסן?
— הימל און ערד    פינטל־מירע
הייסט דאָס פערד,    הייסט די דירע,
— אל־דאל    ציגל־מיגל
הייסט די שטאל,    הייסט דאָס וויגל.

---



# קויפט, קויפט, קוינים!

קויפט, קויפט, קוינים!
איך האב אייך צו פאַר_ יפן
אַ פערדעלע, אַ וועגעלע
אַף רייטן און אַף לויפן.
כ'האב פערדעלאך און צימבעלאַך,
כ'האב פויקן און טרומייטן,
איר קריגט זיי נישט אין ערגעץ נישט
אין גאַנצער שטאט און קלייטן.



# א זעקעלע מעל.

קוינים הער!
קומט וואס מער!
גיך אהער צו לויפן!

א זעקעלע מעל!
א זעקעלע מעל!
טראג איך צו פארקויפן.

# אין שול.

נעמט זיך, קינדער, צונויף אַלע,
לאָמיר שפּילן אַ קליינע ווײַלע.
— אַ קליינע ווײלע וועלן מיר שפּילן,
אַ גאַנץ רעדל וועלן מיר פירן.

פּאַטשט-ושע, פּאַטשט-ושע, קינדערלאַך,
וועלן מיר קויפן שיכעלאַך,
שיכעלאַך וועלן מיר קויפן,
אין שול וועלן מיר לויפן.

# רעטעניש.

א ווייס פעלד
מיט שווארצע קערנדלאך.
וואס מער מע פארזייט,
אלץ מער מע פארשטייט.

# טאַפּעלע טוטאַריטו.

אז איך בין געווען א קליין אינגעלע, האָט מען מיך גערופן: „טאָפּעלע טוטאַריטו".

דאָס הייסט: „קאָפּעלע קוקאַריקו".

ווייסט איר פאַרוואָס?

ווײַל, ערשטנס, האָב איך געהאט א דײַן קע־לעבל, ווי א האָנעבל.

צווייטנס, האָב איך ניט געקאָנט אויסרעדן קײַן „ק" און קײַן „ג".

— אינגעלע, ווי אזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דימל טאלמענס.

— העכער אביסל!

— טאָפּל דיטל טאלמענס.

— נאָך העכער!

איך שרײַ אף א קאָל:

— טאָפּל! דיטל טאלמענס!

דער אוילעם לאכט.

דער אוילעם לאכט, און איך וויין.

---

* *
*

| | |
|---|---|
| א — אבּכע | ל — ליינט אים! |
| בּ — בּערקע | מ — מיימיסט אים! |
| ג — געגאַנוועט | נ — נאָך וואָס |
| ד — דאָווידקעס | ס — ס׳העמדל |
| ה — העמדל | ע — ער האָט |
| ו — וואָסערס? | פּ — פּאַרקויפט |
| ז — זילבּערנס. | צ — צינע דער גרינער. |
| ט — טייערס. | ק — קלאפּט אים! |
| י — יאָגט אים! | ר — רייסט אים! |
| כ — כאפּט אים! | ש — שמייסט אים! |

---

*
* *

אז דער קליינער מוישעלע פאלגט מיך נים,

ווייסט איר, וואָס איך טו?

איך שטופ אים אריין אין א זעקעלע

און בינד פון אויבן צו.

---

## דער יעגער.

יאנקעלע וויל א יעגער זיין,

יאנקעלע וויל אין וואלד אריין,

שיסן וויל ער נאָר א בער —

וואו נעמט מען געווער?

אונזער יאנקעלע דערזעט:

אין ווינקעלע א בעזים שטייט,

מיטן בעזים וועט ער יאָגן

און א גרויסן בער דערשלאָגן.

ער קאָן אין שטוב שוין מער ניט בלייבן,
ווייל דעם בעזים אונטערהויבן —
שווערער בעזים קערט זיך איבער,
און דער יעגער פאלט אריבער.



נישט קיין בער און נישט קיין האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז.
ער וויל שוין ניט אין וואלד אריין,
ער וויל שוין ניט קיין יעגער זיין.

# קאַמער־קאַמער־הויז.

פֿאָרט אַ פּויער אין שטאָט אַריין מיט אַ פֿולן וואָגן, געפּעס. קייקלט זיך אַראָפּ פֿון וואָגן אַ קרוג.



פֿאָרט דער פּויער ווייטער. און דער קרוג בלייבט ליגן בײַם וועג אין אַ זייט.

לויפֿט פֿאַרבײַ אַ מײַזעלע.

— קאמער-קאמער-הויז! ווער וואוינט דאָס אינם הויז?

ענפערט קיינער ניט. קוקט מייזעלע אין קרוג אריין: קיינער ניטאָ. קלייבט עס זיך אהין אריין און בלייבט שוין דאָרט וואוינען.

היפּט פאַרביי א פראָש.

— קאמער-קאמער-הויז! ווער וואוינט דאָס אינם הויז?

— איך, מיזעלע-מייזעלע, און ווער ביסטו?



— איך בין פּעטער-קוואַק.

— קום צו מיר אינאיינעם וואוינען!

— גוט!

איז פראָש אין קרוג אריין. זיינען זיי שוין צוויי.

קומט צו לויפן א העזעלע.

— קאמער-קאמער-הויז! ווער וואוינט דאָס אינם הויז?

— איך, מיזעלע-מייזעלע, און פּעטער-קוואַק.

און ווער ביסטו?

— איך בין העזעלע־קורץ־עכערע.

— קום צו אונז אינאיינעם וואוינען.

זיינען זיי שוין דריי.

לויפט אָן א פוקס.

— קאמער־קאמער־הויז! ווער וואוינט דאָס

אינם הויז?

— איך, מיזל־מייזל, און פעטער־קוואַכו און

העזעלע־קורץ־עקעלע.

און ווער ביסטו?

— איך בין פיכסל־מיקסל.

— טאָ כום צו אונז אינאיינעם וואוינען.

זיינען זיי שוין פיר.

כומט צעלויפן א וואָלף.

— קאמער־כאמער־הויז! ווער וואוינט עס דאָ

אינם הויז?

— איך, מיזעלע-מייזעלע, איך, פעטער-כוואַכ, איך, העזעלע-כורץ-עכעלע, איך, פיכסל-מיקסל, און ווער ביסטו?

— איך בין ווערוואָל ראַכבען.

— ס'איז אַפּילע איינגלאַך, נאָר, מיילע, כום צו אונז, וועלן מיר אינאיינעם וואוינען.

זיינען זיי שוין פינעף.

שפּאַצירט זיך איבערן וואלד אַרום רעב בער-האָניק-כוועטשער. דערזעט דעם קרוג, גייט ער צו און צערעוועט זיך.

—קאמער-ק[illegible]זער-הויז! ווער וואוינט דאָס אין דעם הויז?

דערשרעקן זיך אַלע אין קרוג און קיינער ענפערט ניט.

ווערט בער אין כאַס און גיט אַ כלאַפּ מיט דער לאַפּע איבערן קרוג. האָט דער קרוג זיך

צעבראָכן און אלע זיך צעלאָפן: מייזעלע אין נאָרע, פראָש צום טייכל, העזעלע אין פעלד, פיקסל מיטן וואָלף אין וואלד אריין.

געבליבן נאָר רעב בער מיט פיצלאָך-ברעק-לאך שערבלאך פון צעבראָכענעם קרוג.

---



# באַוועך-מאַוועך.

קאָטער לויפט פון דאָרף, און פיקסל לויפט פון וואלד.

באגעגנען זיי זיך ביידע.

— גוט מאָרגן.

— גוט יאָר.

— ווער ביסטו?

— פיקסל־מיקסל.

— און דו?

— שימשן האַקאָטער.

— לאמיר זיין כאוועד־מאוועד.

— רעכט.

---

# קאַץ און קאָטער.

אין דעם שלאָס [illegible] ארג פון הויכן
דאָרט וואוינט [illegible]ץ מיט קאָטער
אין א פוסטן שלאָס פארמאכטן
און זיי וואָיען אין נאכטן.

און זיי וויינען און זיי וואָיען:
ז'האָבן לאפּקעלאך פאַרשטאָכן,
און געטאָן שוין אלץ אף וועלט איז,
אלע שפּרוכן אָפּגעשפּראָכן.

און געהאָלפן האָט זיי גאָרניט.
נאָר א מענטשן דאַרף מען ברענגען,
ר'זאָל זיי לאַפּקעלאך אויסשטעכן
און אף שנירעלאך אופהענגען.

ווע די קאַץ אייך דאַן באַלוינען,
אלע באַגערן וועט אייך געבן —
נישט וואָס איז מויל קאָן אויסרעדן,
נאָר וואָס ס'קאָנען מיילער זיבן.

# מיין קעצעלע.

איך האָב געהאט א כעצעלע,
א קעצעלע א ווייס,
מיט אויערלאך צוויי שפיציקע
צו שפירן נאָך די מייז.

דאָס כליינע ווייסע כעצעלע
געווען איז זייער קלוג:
זי האָט געוואוסט דאָס ווינקעלע,
וואו ס׳שטייט פון מילך דער קרוג;

און וואו דאָס טעפל פוטער איז,
פון שפייז־אלמער דעם פלאץ —
א גרויסע, גרויסע נאשערכע
געווען איז מיין קאץ.

זי פלעגט זיך שטיל פארגאנווענען
בעשאס איך פלעג ניט זען

און אופנאשן אין שפייז=אלמער
דאָרט אלץ, וואָס איז געווען.

און ווען איך פלעג צוריקקומען,
דאן פלעג זי זיצן שטיל
און ווישן זיך די וואָנסעלאך
און מורקען מיט געפיל.



אַ קאַץ טאָר מען פאַר קיין סאָרווער ניט מאַכן,
דורך אַ קאַץ שיקט מען קיין שוואַלעכמאַנס ניט.

# מיזעלע-מייזעלע.

כומען קינדערלאך מיט ציינדעלאך
אף א האָר ווען זיי שוין הייגנען,
כאָם וואָס האלטן זיך און שאָקלען,
און צום איוועלע זיי ברייננען.

און זיי שטעקן זיך אנידער,
און די אייגעלאך זיי הויבן,
און די הענטעלאך פאַרלייגן,
און זיי זאָגן שטיל מיט גלויבן:

מיזל-מייזל, גרויסער שפּרעכער,
ציינדל-ביינדל מיר דיר ווארפן
און מיר בעטן דיך אן אנדערס,
און אן אייזערנס צו שארפן,

און אן אייזערנס צו געבן,
מיר דיר—ביין און דו אונז—אייזן,
און דערפאר דיין גאנצן לעבן
נעמען אונטער דיך צו שפּייזן.

# קעצעלע, שטיל!

קעצעלע, שטיל! מײַזעלע, שטיל!
מײַן אויצערל שוין שלאפן וויל.
קעלבעלע, קעלבעלע, נישט געמעק'ט,
און מיין אויצערל נישט געוועקט.

ווייע נישט, דו, ווינטעלע,
שטילער, שטילער, הינטעלע,
אין מויל פארבײַם דאס צינגעלע—
שלאפן וויל מיין אינגעלע.

* * *

עלע, מעלע, יוסקע,
א שווארצע קאזע האסט,

רויטע שיכעלאך גייט זי,
אונטער א ביימעלע שטייט זי.

צו וואס שטייט זי אונטער א־ביימעלע?
—בלעטעלאך צו רייסן.

צו וואס טייג איר בלעטעלאך?
— קיהעלאך צו שמײסן.

צו וואס טייג איר קיהעלאך?
— מילעך אפּצומעלקן.

צו וואס טייג איר מילעך?
— קינדערלאך צו געבן.

## דער פּאסטוך.

אמאָל איז געווען א פּאסטוך פון שאָף,
איז אָף אים אנגעפאלן א שלאָף.
האָט ער זיך אופגעכאפט פון שלאָף —
ערשט ס'איז נישטאָ די שאָף.

גייט ער ארוים אפן שליאך,
זעט ער: מע פירט א וואָגן מיט דערנערלאך,
האָט ער געמיינט דאָס איז
פון זיינע שאָף די הערנערלאך.

גייט ער ארויס אפן שליאך,
זעט ער: מע פירט א וואָגן מיט עפּעלאך,
האָט ער געמיינט דאָס איז
פון זיינע שאָף די קעפּעלאך.

גייט ער ארויס אפן שליאך,
זעט ער: מע פירט א וואָגן מיט שטיינדעלאך.
האָט ער געמיינט דאָס איז
פון זיינע שאָף די ביינדעלאך.

גייט ער ארויס אונטערן באַרג, —
זעט ער די שעפּעלאך טאנצן און שפרינגען,
האָט גענומען דאָס פּאסטוכל לאכן און זינגען.



# דער מילנער, די מילנערן און די מילשטיינער.

געווען אמאל א מילנער און א מילנערן, האבן זיי געהאט א פאר מילשטיינער.

פלעגן דער מילנער און די מילנערן זאגן:

— מילשטיינער, מילשטיינער, גיט אונז קארענע מעל באקן ברויט אף דער וואך!

האבן די מילשטיינער געגעבן קארענע מעל, און דער מילנער און די מילנערן פלעגן באקן ברויט אף דער וואך.

— מילשטיינער, מילשטיינער, גיט אונז ווייצענע מעל באקן כאלע אף שאבעס!

האבן די מילשטיינער געגעבן ווייצענע מעל, און דער מילנער און די מילנערן פלעגן באקן כאלע אף שאבעס.

נייט איינמאל דער פאריץ. זעט ער, ווי דער מילנער און די מילנערן בעטן מעל בא די מילשטיינער און די מילשטיינער געבן.

קומט דער פאריץ צו דעם מילנער און דער מילנערן:

— מילנער און מילנערן, קאָן מען בא אייך איבער-
נעכטיקן?

— מע קאָן.

באנאכט איז אופגעשטאַנען דער פּאַריק, גענומען די
מילשטיינער, איינעם אונטער דער רעכטער פּאַכווע, איינעם
אונטער דער לינקער פּאַכווע און אוועקגעגאנגען.

אינדערפרי, אופגעשטאַנען דער מילנער און די מיל-
נערן — ניטאָ די מילשטיינער!

האָט דער מילנער און די מילנערן געשיקט דעם
פערד צום פּאַריק, אָפּנעמען די מילשטיינער.

געקומען דער פערד צו דעם פּאַריק:

— פּאַריק, פּאַריק, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן.

און דער פּאַריק האָט גענומען דעם פערד און אָפּגע-
פירט צו זיך אין שטאַל אריין.

איז דער פערד צוריק ניט געקומען.

האָט דער מילנער און די מילנערן געשיקט די קו
צום פּאַריק אָפּנעמען די מילשטיינער.

געקומען די קו צו דעם פּאַריק:

— פּאָריק, פּאָריק, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן.

און דער פּאָריק האָט גענומען די קו און אָפּגעפירט צו זיך אין שטאַל אַריין.

איז די קו צוריק ניט געקומען.

האָט דער מילנער און די מילנערן געשיקט די ציג צום פּאָריק, אָפּנעמען די מילשטיינער.

געקומען די ציג צו דעם פּאָריק:

— פּאָריק, פּאָריק, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן.

און דער פּאָריק האָט גענומען די ציג און אָפּגעפירט צו זיך אין שטאַל אַריין.

איז די ציג צוריק ניט געקומען.

זאָגט דער האָן:

— איך וועל גיין אָפּנעמען די מילשטיינער!

געקומען דער האָן צום פּאָריק:

— פּאָריק, פּאָריק, גיב אָפּ די מילשטיינער!

— איך וועל ניט געבן.

איז דער האָן ארופגעשפרונגען אפן פענסטער, אריינ־
געשטעלט זיין שנאָבל דעם פּאָריץ אין רעכטן אויער אריין:

— פּאריץ, פּאריץ, גיב אפּ די מילשטיינער, אז ניט

פּיק איך אוים דיין מויאך!



דער פּאָריץ געוואָרן אין קאַס, געכאַפּט דעם שווערד,
געוואָלט אָפּהאַקן דעם האָן דעם קאָפּ; דער האָן האָט גע־
געבן א פלי־אָפּ: נאָר זיך דעם רעכטן אויער אָפּגעהאַקט.

האָט דער האָן אַרײַנגעשטעקט זײַן שנאָבל דעם פּאָ-
ריץ אין לינקן אויער אַרײַן:

— פּאָריץ, פּאָריץ, גיב אָפּ די מילשטײנער, אז ניט
פּיק איך אויס דײַן מויאַך!

דער פּאָריץ געוואָרן אין כּעס, געכאַפּט דעם שווערד,
געוואָלט אָפּהאַקן דעם האָן דעם קאָפּ; דער האָן האָט גע-
געבן א פלי-אָפּ: נאָר זיך דעם לינקן אויער אָפּגעהאַקט.

איז דער האָן אַרופגעפלויגן דעם פּאָריץ אפן קאָפּ:

— פּאָריץ, פּאָריץ, גיב אָפּ די מילשטײנער, אז ניט
פּיק איך אויס דײַן מויאַך!

דער פּאָריץ האָט זיך דערשראָקן און אָפּגעגעבן די
מילשטײנער.

דער האָן האָט גענומען די מילשטײנער: אײנעם אונ-
טער דעם רעכטן פליגל, אײנעם אונטער דעם לינקן
פליגל.

זאָגט דער האָן צו דעם פּאָריץ:

— פּאָריץ, פּאָריץ, לאָז ארויס דעם פערד פון שטאַל!

דער פּאָריץ האָט ארויסגעלאָזן דעם פערד פון דער
שטאַל.

— פּאָריק, פּאָריק, לאָז אַרויס די קו פון שטאַל!

דער פּאָריק האָט אַרויסגעלאָזן די קו פון דער שטאַל.

— פּאָריק, פּאָריק, לאָז אַרויס די ציג פון שטאַל!

דער פּאָריק האָט אַרויסגעלאָזן די ציג פון דער שטאַל.

זיינען זיי אַלע אַוועק אַהיים צו דעם מילנער און דער מילנערן, וואו זיי לעבן נאָך אַז־האַיאָם.



# האָן און הון.

אַמאָל איז געווען אַ האָן מיט אַ הון, זיינען זיי אין וואַלד געגאַנגען ניס רייסן. קומען זיי צו דעם ניסנבוים,



קריכט הענדל אַפן בוים אַרויף רייסן ניס און הינדל בלייבט אונטן אויפקלייַבן די ניס. הענדל וואַרפט אַראָפּ און הינדל קלייבט אויף.

איז אַט, וואַרפט הענדל אַ נוס אַראָפּ און טרעפט הינד־לען גלייך אין אויג און זעצט איר דאָס אויג אַרויס. גייט הינדל אַ היים און וויינט.

פאָרן פויערים, זעען זיי הינדל גייט און וויינט.

— הינדעלע, הינדעלע, וואָס וויינסטו?

— הענדל האָט מיר אַן אויג אויסגעזעצט.

— הענדל, הענדל, פאַרוואָס האסטו הינדלען אַן אויג אויסגעזעצט?

— ניסנבוים האָט מיך שיר ניט אַראָפּגעוואָרפן.

— ניסנבוים, ניסנבוים, פאַרוואָס האסטו הענדלען אַראָפּוואַרפן געוואָלט?

— ציגן האָבן מײַן קאָרע אופגעגעסן.

— ציגן, ציגן! פאַרוואָס האָט איר די קאָרע אופגעגעסן?

— די פאסטוכער היטן אונז ניט.

— פאסטוכער, פאסטוכער, פאַרוואָס היט איר די ציגן ניט?

— די באַלעבאָסטע גיט אונז קיין עסן ניט.

— באַלעבאָסטע, באַלעבאָסטע, פאַרוואָס גיסטו די פאַסטעכער קיין עסן ניט?

— דער כאַזער האָט אַלץ אויפגעפרעסן.

— כאַזער, כאַזער, פאַרוואָס האָסטו אַלץ אויפגע-פרעסן?

— דער וואָלף האָט אַ כאַזערל בײַ מיר צוגענומען.

— וואָלף, וואָלף, פאַרוואָס האָסטו דעם כאַזער צוגע-נומען?

— איך האָב עסן געוואָלט, איך בין הונגעריק געווען. הערט דאָס הינדעלע און טרייסט זיך, הערט אויף וויינען, און די פויערים פאָרן זיך ווײַטער זייער וועג.

---

# אַ רעגנדל

טריפט אַ רעגנדל,
טריפט אַ רעגנדל:
קאַפּ, קאַפּ.

אין די שייבעלאַך,
אין די דעכעלאַך:
כלאַפּ, כלאַפּ.

און די פייגעלאך
מיט די הינדעלאך
ציפ, ציפ.

נאָר די קינדערלאך,
אפן רעגנדל
האָפ האָפ.

צו די סטרעכעלאך,
צו די ביימעלאך,
היפ היפ.

אין דעם לויטערן
קלאָרן וואסערל
שליאָפ, שליאָפ.

# אונטערן רעגן.

גיך אראָפ די מיצעלאך,
פאר דונערלאך, פאר בליצעלאך,
שטייף אויסגעגליכט, ווי פלאַקסן.
זאָל רעגן נעצן קעפעלאך,
ווי בארעלאך און עפעלאך,
וועלן מיר גיכער וואקסן.

# דאָם ריטשקעלע.

מורמלט זיך א ריטשקעלע—
מור, מור.
ווארפט מען דעם א שטיינדעלע—
בור, בור.

קומט אהער א ציגעלע —
היפ, היפ
לאדט דאָם איין דאָם ריטשקעלע —
זיפ, זיפ.

דאנקט דערנאָך דאָם ציגעלע —
מע, מע,
לאכט מיט פרייד דאָם ריטשקעלע—
כע, כע.

ווארט דאם נאָך דאם ריטשקעלע -
בליצן [illegible].
קומט אהער פאסטוכל —
זיצט, זיצט.

זוכט ער מיט א שטרויעלע:
טריף, טריף,
כאפט זיך באלד צום פייפעלע:
פיף, פיף.

ס'איז דעם גוט, דעם ריטשקעלע —
אָ—וואַ!
בלעבלט עס, דאָס ריטשקעלע —
כאַ—כאַ!

---

# פרילינג.

קינדער, ווארט ניט
קיין מינוט:
קינדער, ס'איז
אין דרויסן גוט.

ס'איז א ליבע,
שיינע וועלט.
גייט אף כידעש
זען ווי שיין
ס'איז דע[illegible]
און ווי ריין.

ס'איז א זון
און ס'איז א ווינט,
און דער לעצטער
שניי צערינט.

טראַכט=זשע, קינדער,
ניט קיין סאך:
פריי זיין איז
א וואוילע זאך.

און אוים ווינטער,
און אוים קעלט,

---

# טאנץ-ליד.

די גרעזעלאך בליען
אין פעלד אלע גלייך.
א קינד מעג זיין פריילאך,
צי אָרים, צי רייך.

מיר זיינען דאָך אָבער
נאך קינדערלאך קליין,
אונז פאסט נאָך זיין פריילאך
און טאנצן צו גיין.

# קאַראַהאָד.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, קעסטעלאַך:
גייט אַרוים אַ האָן.
— האָן, האָן, וואָס גיסטו דערצו?
— איך גיב אַ קריי.

דער האָן זיין קריי —
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, קעסטעלאַך —
גייט אַרוים אַ הון.
— הון, הון, וואָס גיסטו דערצו?
— איך גיב אַן איי.

די הון — איר איי.
דער האָן — דעם קריי.
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, קעסטעלאַך —
גייט אַרוים אַ גאַנז.
— גאַנז, גאַנז, וואָס גיסטו דערצו?
— איך גיב אַ גאַ-גאַ-גאַ.

גאַנז — גאַ-גאַ-גאַ.
די הון — איר איי.
דער האָן — דעם קריי.
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.



# דער האן און דאס בעבעלע.

דאס הענדעלע האט אין זאמד געגראָבן מיט זיין שנאָבעלע און האָט געפונען א בעבעלע, האָט ער געוואָלט דאס בעבעלע דערשלינגען און האט זיך דערוואָרגן: זיך אויסגעצויגן ניט טויט, ניט לעבעדיק — האט גייט די נעשאמע ארויס.

האט דערזען די באלעבאָסטע ווי איר הענדעלע ליגט אויסגעצויגן, ניט טויט, ניט לעבעדיק — איז זי צוגעלאָפן צו אים און פרעגט:

— וואָס ליגסטו, הענדעלע, וואס איז דיר געשען?

קרעכצט דאס הענדעלע:

— איך האב זיך דערוואָרגן מיט א בעבעלע: גיי, ראטעווע מיך, גיי בעט בא דער בעהיימע א שטיקעלע פוטער.

איז געלאפן די באלעבאָסטעטשקע צו דער בעהיימע און זאגט:

— בעהיימעלע, בעהיימעלע, גיב מיר א שטיקעלע פוטער: מיין הענדעלע האָט זיך דערוואָרגן מיט א בעבעלע און איז גאר פארביי, קאָם וואס ער לעבט.

זאָגט די בעהיימע:

— פוטער ווילסטו? גיי צום גוי און ברייננ מיר היי, וועל איך דיר געבן פוטער.

איז זי אוועקגעגאנגען צום גוי און זאָגט:

— גוי, דו גוטער גוי! גיב מיר אביסעלע היי — דאס היי פאר דער בעהיימעלע, די בעהיימעלע וועט געבן פוטער — די פוטער פאר דעם הענדעלע, קאָם וואס ער לעבט. ער האט זיך נעבאך מיט א בעבעלע דערוואָרגן, ליגט ניט טויט, ניט לעבעדיק...

זאגט דער גוי:

— גיי צום אייזון און ברייננ מיר א קוילעטש, וועל איך דיר געבן היי.

גייט זי אוועק צום אויוון:

— אייוועלע, דו אייוועלע! גיב מיר א קוילעטש: דעם קוילעטש פארן גוי — וועט דער גוי געבן היי, — דאָס היי פאר דער בעהיימעלע, וועט זי געבן פוטער, — די פוטער פאר דעם הענדעלע, קאָם וואָס ער לעבט, נעבאך, האָט זיך מיט א בעבעלע דערוואָרגן — ליגט ניט טויט ניט לעבעדיק...

זאָגט דער אויוון:

— דו זיי זיך מאטריאך און גיי צו די האָלץ־העקער, זאלן זיי אָנהאַקן האָלץ.

איז געגאנגען די באלעבאָסטע צו די האָלץ־העקער און זאָגט:

— האָלץ־העקער, איר האָלץ־העקער, גיט האָלץ: דאָס האָלץ פאר דעם אויוון — וועט ער באַקן א קוילעטש, דעם קוילעטש פארן גוי — וועט ער געבן היי, דאָס היי פאר דער בעהיימע — וועט זי געבן פוטער, די פוטער פאר דעם הענדל, קאָם וואס ער לעבט, האט זיך, נעבאך, מיט א בעבל דערוואָרגן, ליגט ניט טויט, ניט לעבעדיק...

ענפערן די האָלץ־העקער:

— גיי צום שמיד און זאָל ער אונז מאכן א האק.

איז די באלעבאָסטעטשקע געלאָפן צום שמיד:

— שמיד, דו שמיד! שמיד מיר אויס א האק: די האק פאר די האָלץ־העקער — וועלן זיי געבן האָלץ, דאָס האָלץ פאר דעם אויוון — וועט ער באקן א קוילעטש, דעם קוילעטש פארן גוי — וועט ער געבן היי, דאס היי פאר דער בעהיימע — וועט זי געבן פוטער, די פוטער פאר דעם הענדל, קאָם וואס ער לעבט — האָט זיך נעבאך מיט א בעבל דערוואָרגן — ליגט ניט טויט, ניט לעבעדיק...

זאָגט דער שמיד:

— גיי אין וואלד און ברענג אָן קוילן.

לויפֿט די באלעבאָסטעטשקע אין וואלד אריין, אופגעקליבן ריטלאך און פֿון זיי קוילן אָנגעברענט. האָט זי די קוילן אוועקגעטראָגן צום שמיד, האָט ער געמאכט א האק. איז זי אוועק מיט דער האק צו די האָלץ־העקער, האָבן זיי איר אָנגעשפאלטן האָלץ. דאָס האָלץ האָט זי אוועקגעטראָגן דעם אויון, האָט דער אויוון אויסגעבאקן א קוילעטש, האָט זי דעם קוילעטש אוועקגעטראָגן דעם גוי, האָט דער גוי געגעבן היי, האָט זי געגעבן עסן דער בעהיימעלע, האָט די בעהיימעלע געגעבן פוטער, האָט זי די פוטער געגעבן דעם הענדעלע, דאָס הענדעלע האָט א שלינג געטאָן און דאָס בעבל איז אראָפּ. דאָס הענדעלע איז געגעזן געוואָרן, איז אופגעשפרונגען און האָט פרייליך, אף אלע קיילים, אויסגעשריען:

קוקורעקו!

אלע זאלן הערן,
אז מיטן הענדעלע
אלע זאלן זען,
איז א נעס געשען...

# זינט ס'איז באשאפֿן געווארן הימל און ערד.

**פון דער שיינער ערד אַרויס**
**איז א שיינער וואָרצל ארויס.**
**וואָרצל — פון דר'ערד,**
**זינט ס'איז באַשאַפן הימל און ערד.**

**פון דעם שיינעם וואָרצל ארויס**
**איז אַ שיינער בוים אַרויס.**

בוים — פון וואָרצל,
וואָרצל—פון דר׳ערד׳
זינט ס׳איז באַשאַפן הימל און ערד.

פון דעם שיינעם בוים אַרויס
איז אַ שיינע צווייג אַרויס.
צווייג — פון בוים,
בוים — פון וואָרצל,
וואָרצל — פון דר׳ערד.
זינט ס׳איז באַשאַפן הימל און ערד.

פון דער שיינער צווייג ארויס
איז אַ שיינע בלום ארויס.
בלום — פון צווייג,
צווייג — פון בוים.
בוים פון וואָרצל,
וואָרצל פון דר׳ערד.
זינט ס׳איז באַשאַפן הימל און ערד.

פון דער שיינער בלום אַרויס
איז אַ שיינער עפל אַרויס.
עפל — פון בלום,
בלום — פון צווייג,

צווייג — פון בוים,
בוים — פון וואָרצל,
וואָרצל — פון דר׳ערד,
זינט ס׳איז באַשאַפן הימל און ערד.

פון דעם שיינעם עפּל אַרויס
איז אַ שיין קערל אַרויס.
קערל—פון עפּל,
עפּל—פון בלום,
בלום — פון צווייג,
צווייג — פון בוים.
בוים — פון וואָרצל,
וואָרצל — פון דר׳ערד.
זינט ס׳איז באַשאפן הימל און ערד.

פון דעם שיינעם קערל אַרויס
איז אַ נייער וואָרצל אַרויס.
פון וואָרצל — אַ בוים,
פון בוים — אַ צווייג,
פון צווייג — אַ בלום.
פון בלום — אַן עפּל.
פון עפּל — אַ קערל.
זינט ס׳איז באַשאַפן הימל און ערד.

# רעטעניש.

1) א הויט אויף א הויט,
אין מיטן א פיק-קעפעלע
גרויס, ווי אן עפעלע.

2) ווי א ליפ די גרוב
פארקראכן אין א זעקעלע
און האלט זיך פאר אן עקעלע.

## וואָס איך האָב ליב.

איך האָב ליב צו קוקן, ווי פערדלאך לויפן, און ווער שמועסט לאָשעקלאך!

אַיך גיי אוים, איך שטארב נאָך א לאָשעקל!

און ניט נאָר קליינע לאָשעקלאך האָב איך ליב.

אלץ וואָס איז קליין! קליינע הינטעלאך, קליינע קעצעלאך.

איר ווייסט?

אפילע אונערקעלאך קליינינקע, קארטאָפל יונגעטשקע, ציבעלקע־לאך, קנאָבעלאך, — אלץ, וואָס קליין, איז מיר ליב.

# דער ליבער זומער.

ווי עס קומט דער ליבער זומער,
קומען שוועלבעלאך פון ווייט,
בליט דער קאַרשנבוים אין גאָרטן,
איז פאַר אונז די בעסטע צייט.

ווי עס קומט דער ליבער זומער,
איז אַ פרייד אין גאַנצן לאַנד;
שפּילן מיידעלאַך אין צייכנס,
שפּילן אינגעלאַך אין זאַמד.

# רעטעניש.

גרין ווי גראָז- רויט ווי בלוט-
נאָך ניט דאס. נאָך ניט גוט,
שוואַרץ ווי קויל-
אט דאס איז וואויל

# דער זשוק.

זום, זום, זום, —
שפּילט דער זשוק מיט פליגעלאַך,
ווי א פּײַנינק פידעלע,
שפּילט דעם טאָג אַ לידעלע:
זום, זום, זום.



# שווים-ליד.

מיט די פיסלאַך פלינק, פלינק,
פון דעם בערגל שפּרינג, שפּרינג,
באַך אַריין איז טייך, באַך, באַך—
באַך אַריין אין טייך.

און איך שווים מיר—שווים, שווים,
ווי אַ פישל שטום, שטום,
און די וואַסער—גלעט, גלעט,
ווי א מאַמע גלעט.

# באַם טייכל.

— כליופּ, כליופּ, וואַסערל,
ביסט באַשטראַלט,
נאַ דיר מיין פיסעלע —
האַ, ביסט האַלט!

— כליופּ, כליופּ, כליופּ —
סע דאַכט זיך דיר.
כליופּ, כליופּ, כליופּ —
שפּיל מיט מיר.

— איי־זשע, טייכעלע,
מאַכסטו שטיק!
טוסט אַ קישעלע,
לויפסט צוריק.

— כליופּ, כליופּ, כליופּ —
גיכער שוין!
האַ, ביסט קאַלט!
כ׳וויל נישט, ניין!

# דער פויגל.

אַף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ וואונדערלעכער פויגל שאַלט:
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.

איז אַ אינגל צוגעלאָפן,
און דער פויגל איז אַנטלאָפן:
טראַ־לאַ־לאַ, טראַ־לאַ־לאַ.

— וואָס אַנטלויפסטו? — ס'אינגל שרייט!
— ניט געוואָלט דיר טאָן קיין לייד:
טרא־לא־לא, טרא־לא־לא.

— כ'בעט דיך, פויגל, פויגל, בלייב!
און דער פויגל: — איך ניט גלויב!
טראַ־לא־לא, טראַ־לא־לא.

אַף אַ בוים אין גרינעם וואלד
אַ וואונדערלעכער פויגל שאַלט:
טראַ־לא־לא־לא, טראַ־לא־לא.



# דער וואָראבײטשיק.

דער וואָראָבײטשיק האָט זיך צעקריגט מיטן װײב. ניט ער עסט, ניט ער טרינקט, ניט ער שפּרינגט, מאכט זיך קראנק און לײגט זיך ארײן אין נעסט.

אלע פֿײגעלאך אין הױף איז אומעטיק געװאָרן אָן דעם פֿרײלעכן װאָראָבײטשיק.

קומט צו אים געװאָרע װערן דער האָן און קלינגט אָן אין נעסט.

— טוק, טוק, טוק! דער װאָראָבײ איז אין דערהײם?

— אין דערהײם, ער איז קראנק, — ענפֿערט דעם װאָראָבײ׳ס װײב.

— װאָס טוט אים װײ?

— דאָס קעפּעלע.

— קאָך אָפּ גראָז אין א טעפּעלע
און לײג אים צו צום קעפּעלע.

— איך האב געפּרואװט עס טאָן,
נאָר ער נעמט עס ניט אָן.

דער האָן איז אװעק.

— קומט די גאנז און קלאפּט אָן אין נעסט.

— טוק, טוק, טוק! דער װאָראָבײ איז אין דער הײם?

— אין דער הײם, ער איז קראנק, — ענפֿערט דעם װאָראָבײ׳ס װײב.

— װאָס טוט אים װײ?

— דאָס פֿיסעלע.

— נעם װאסער אין א שיסעלע
און לײג אים צו צום פֿיסעלע.

— איך האָב געפּרואווט עס טאָן,
נאָר ער נעמט עס ניט אָן.

קומט דאס טײַבעלע געוואָרע ווערן און קלאַפּט אָן אין נעסט:

— טוק, טוק, טוק! דער וואָראָביי איז אין דערהיים?

— אין דערהיים, ער איז קראַנק, — ענטפערט דעם וואָראָביי'ס ווײַב.

— וואָס טוט אים ווי?

— די פּלייצע.

— איך האָב א גוטע אייצע:
לייג אים וואַטע צו דער פּלייצע.

— איך האָב געפּרואווט עס טאָן.
נאָר ער נעמט עס ניט אָן.

דער וואָראָביי האָט זיך קאָם איינגעהאַלטן פון געלעכטער, וואָס אלע רעכענען אים פאַר קראַנק און זיך — פאַר דאָקטוירים. איז ער ארויס פון נעסט, ארופגעפלויגן אויפן דאַך, א פּאַטש געטאָן מיט די פליגל און הויך א געשריי געטאָן:

גאָט זיי דאַנק,
וואָס איך בין ניט קראַנק!

* *
*

און פעלדער אַלץ פרישער, אַלץ ווייכער,
און פעלדער אַלץ מילדער.
און גראָזן אַלץ גרינער. אַלץ העכער,
געדיכטער און ווילדער.

ווען ס׳וואָלטן די ווינטן ניט בלאָזן,
ניט רוישן די רעגנס,
ניט סקריפּען די אָקסן,
דאַן וואָלט איר געהערט, ווי עס שעפּטשען די גראָזן:
מיר וואַקסן, מיר וואַקסן.

## אין גאָלדענע רעקעלאַך.

אין גאָלדענע רעקעלאַך,
אַף דינינקע שטיינגעלאַך
הוידען זיך זאַנגעלאַך —
מיט פּולינקע בעקעלאַך.

זינגען געזאַנגעלאַך
גאָלדענע ווערטעלאַך,
גאָלדענע קעלעכלאַך,
גאָלדענע זאַנגעלאַך.

שושקען זיך ברעקעלאַך
מיט גרינינקע ווינטעלאַך, —
גאַנצע געזינטעלאַך
גאָלדענע גלעקעלאַך.

זינגענדיק, טאַנצנדיק
אַף די געלעגערן
זויגט זיי אַ גאַנצן טאָג —
זונעלע וויגערן.

גאָלדענע ראַנדעלאַך
ברידערלאַך, שוועסטערלאַך,
קלעפּן זיך — פלעסטערלאַך,
ליבן זיך — פריינדעלאַך.

גאָלדענע ריטעלאַך
שיינקען זיי קייטעלאַך.
טאָגעלע — קליידעלאַך,
זונעלע — היטעלאַך,

כמאַרעלע — רעגנדלאַך,
נעכטעלע — טויעלאַך,
ערדעלע — שטרייעלאַך,
ווינטעלע — ניגנדלאַך.

כאַוועון זיך זאנגעלאַך,
פּאַשען זיך שטילינקע,
ווערן זיי פולינקע
שווערינקע באַנקעלאַך.

אַ גאָלדענע רעטעניש!
שפּילט מען אף הערנדלאַך,
זינגען זיך קערנדלאַך
שטיל — אַ גערעטעניש...

---

# וויג-ליד.

שטייט אין פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייגעלאַך,
זיצט דערויף אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלאַך.

אַף די גרינע צווייגעלאַך
וואַקסט אַ גאלדן עפּעלע,
מאַך צו, מיין קינד, די אייגעלאַך—
אַ בראָכע אַף דיין קעפּעלע:

אַף די גרינע צווייגעלאַך
שלאָפן שוין די פייגעלאַך.
די מאַמע זינגט: אַ־אַ־אַ!
ס'איז אַ שטילע נאַכט: אַ־אַ!

# וויג-ליד.

איך וויג דיין וויגעלע
און זינג אין אויערל,
ס'האָט דאָרט אַ ריגעלע
פאַרמאַכט אַ טויערל.

פון טויען הערעלאַך,
פון טויען שטויבעלאַך
דאָרט ווערן פּערעלאַך
אַף ריינע שויבעלאַך.

פאַראַן דאָרט גלעזעלאַך
אין קליינעם מויאַכל,
פון יעדן גלעזעלע
דאָרט בלייבט א הוי'כל.

און יעדער פּערעלע
וועט זיין אַ שפּיגעלע,
אין יעדן פּערעלע
וועט שטיין אַ ציגעלע.

אַ קלאָר-ווייס ציגעלע
א-א ליו-ליו...
וויג, וויג זיך, וויגעלע,
א-א ליו-ליו...

# דאס ציגעלע.

פאָרט דאָס ווייסע ציגעלע
אַף ווייטער וועלט ארויס,
פאַלט בא דעם אין מיטן וועג,
הויצאָעס פאַלט דעם אויס.



לאָזט זיך עס צופוס אַוועק
מיט וועג זיך און באַ זייט,
גייט זיך עס פאַמעלאכן, —
דאָס ציגעלע האָט צייט.

הייגט באַ דעם אַ טאָרבעלע
מיט ברויטעלע און זאַלץ.

און אַף האַלז אַ שנירעלע,
אַ קוויטעלע אַף האַלז,

וואָס גענומען ציגעלע
האָט אַף ווייטן וועג
אין א ווייט שליכעסל,
אף יארן און אַף טעג.

אף די ווייטע וועגן דאָרט,
און אַף באַרג און טאָל
צו אַ שמאָלן סטעזשקעלע,
אַ סטעזשקעלע, וואָס שמאָל.

איז געגאַנגען ציגעלע,
געקומען איז צו גיין,
ביז צו יענעם ערטעלע
געבליבן איז עס שטיין.

האט גענומען היטן זיך
פאַר אויגן און פאַר לייט
און אַרומצוקוקן זיך
מיט קערפערל און זייט.

און אַזוי זיך אָפגערוקט:
ריק־צוריק פון שליאַך.
און אַהין אַוועק געגאַן
נאָך אירער און נאָך זאַך.

איז אַף שמאָלן סטעזשקעלע
אַף זאַמדיקן געגאַן,
אין אַ שטילן וועלדעלע
געקומען איז עס דאַן,

אין באַהאַלטנעם שטילן דאָרט
מיט בעזעמלאַך, וואָס קליין,
האָט געטראָפן וועלדעלע
אין שטילקייט דאָרטן שטיין.

האָט געלאָזט זיך ציגעלע
אין וועלדל און אין רו,
און דערזען אַ פּאַלאַצל,
האָט גענענט דערצו.

איז אַרויף אַף טרעפּעלאַך
צו טיר, וואָס צוגעמאַכט,
האָט איר קאָל דאָס ווידערקאָל
אין פּאַלאַץ אויסגעלאכט.

האָט געקלונגען פּוסטקייט דאָרט,
מיט פּאַלאַץ און מיט שלאָס,
און מיט וואַלד און וועלדעלע,
מיט ביימעלאַך און גראָז.

נעמט דאָס ציגל קלאַפּן דאָרט
מיט הערנערל און קאָפּ,

און געוואַרט, אראָפּגעקוקט
מיט אויגן און אַראָפּ.

האָט די טיר געעפנט זיך
אין שטילן, און אַף איר
האָט אַ מענטש באַוויזן זיך
אַף שוועל זיך און אַף טיר.

פרעגט דער מענטש באַ ציגעלע:
דאָס ציגעלע וואָס דאַרף?
און באַקוקט אַ שטרייגער זי
און דינעריש און שאַרף.

קוקט אַראָפּ דאָס ציגעלע
און ענפערט גאָרניט נישט,
און דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט,
און טרויעריק צעמישט.

שטייט דער מענטש, דערמאַנט ער זיך:
געוויס אַהער געשיקט,
האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט
און פאַר ציג געבוקט.

און גענומען ציגעלע
באַ העלזל און באַ האַלז,
איז געווען אַ קוויטעלע, —
און ער ווייסט שוין אַלץ...

און גענומען ציגעלע
בײַ הערנערל בײַ איר
און בעקאָוועד אָפּגעפירט
צו אײַנגאַנג און צו טיר.

. . . . . . . . . . . . . . . .



האָט באַגעגנט ציגעלע
אין ערשטן צימער באַלד
אַ יונגע באַלאַבאָסטינקע
פון שטילן שלאָס און וואַלד.

אַ יונגע פרוי, אַ מאמעלע,
אַ מאַמעלע פון קינד,

וואָס איר מאַן אַ מײלאך איז
אַף וועלדעלע און ווינט.

האָט צו ציג אַזוי געזאָגט:
אוי, ציגעלע דו מײן,
געבענטשט זאָל זײן דײן אָנקומען
אין פּאַלאַצל אַרײן.



איך האָב געהערט. דו גײסט ארום
און וואַנדערסט אום אַף וועלט.
און ווײסט פון אלע קרײטאַכצער
און גראָזן פון דעם פעלד.

געווען ביסט אויך באַ שפּרעכערינס,
באַ קישעף־מאַכער גרויס,
און אַלע שפּרוכן זאמלסטו
און לערנסט זיי זיך אויס.

האָסט שמירעלאַך, קאַמייעלאַך
און שפּרוכן פון גוט־אויג
פאַר קינדערלאַך, פאַר עלטערע,
פאַר יעדערן — וואָס טויג.

דו ווייסט פון אַלץ, געהערט פון אַלץ
און אַלעס, וואס מע קריגט,
האָב איך נאָך דיר אַ ווינטעלע,
אַ ווינטעלע געשיקט.

איך האָב אַ פּיצל קינדעלע
געבוירן צו מיין מאַן,
און גרויס איז דאָס — אַ פינגערהוט,
אַ ברויזעלע — אַ שפּאַן.

מאַכט עס פון געבוירן זאָן
קיין אייגעלע נישט צו,
און עס נעמט קיין שלאָף עס ניט,
ווייסט נישט פון קיין רו.

האָב דערום געשיקט נאָך דיר, —
אָ, ציגעלע דו מיין,

געבענטשט זאָל זיין דיין אָנקומען,
דיין אָנקומען זאָל זיין,

האָט דאָס ציגל אויסגעוואַרט
אַזוי און שטיל געהערט,
און דערנאָך צו יונגער פרוי,
צו מוטער זיך געקערט.

האָט געהייסן ברייגען זיך
און פירן זיך צום וויג,
און אַליין צו לאָזן זיי —
ברויזעלע מיט ציג.

האָט מען זיי אַוועקגעפירט
אין צימער און געבראַכט,
און אַליין אַרויסגעגאַן
און די טיר פאַרמאַכט.

איז געקומען ציגעלע,
צום וויגל צוגעגאַן,
און פאַר קליינעם ברויזעלע
שטיל געשטעלט זיך דאַן.

און גענומען שפּרעכן דאַן
און שפּרעכנדיק געקוקט,
ווי דאָס קינד א הענטעלע,
א הענטעלע דאָרט רוקט.

נעמט אַרויס פון קאָלדרעלע,
צו ציגעלע שטרעקט אויס
און אַזוי פאַמעלאכן —
איינגאַצן שוין אַרויס.



לייגט זיך אַף דעם ציגעלעס,
אַף הערנערל אַף קליינס,
נעמט אַזוי פאַרמאכן זיך
אָן אייגעלע שוין איינס.

שפרעכט זיך ווייטער ציגעלע —
אַ הענטעלע אַ צווייטס
צו דעם צווייטן הערנערל,
פון ציגל אָנגעגרייטס.

האלט שוין ברויזל הערנערלאַך,
די הענטעלאַך אַף זיי,
איז באַ ברויזל צוגעמאַכט
די אייגעלאַך שוין צוויי.

שלאָפט און שלאָפט און כראַפּעט שוין,
די אייגעלאַך שוין צו,
און אזוי וועט שלאָפן לאנג
אין פאַלאַצל, אין רו.

וואָס זשע טוט דאָ ציגעלע
מיט הערנערלאַך אַצינד,
אַז זי האָט פאַרשפּראָכן זיי
מיט הענטעלאַך פון קינד?

האָט געגעבן ציגעלע
מיט קעפּעלע אַ דריי,
האָט געלאָזט די הערנערלאך,
בא ברויזעלע האָט זיי.

איז ארויס פון צימערל
אָן הערנערלאך און הויל,
און עס שלאָפט דאָס ברויזעלע
שוין גוט און שטיל און וואויל.

שלאָפט און שלאָפט און כראָפּעט שוין,
דאָס מייסעלע איז אויס,—
איז פון ברויזל ציגעלע
אָן הערנערלאך ארויס:

*

פירט מיך קלאָר־ווייס ציגעלע
פון מײַן גאָלדן וויגעלע,
פירט מיך ארום האנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

ווייט, באַנאַכט, מיסטאָמע,
כאַפּט זיי אוף מיין מאַמע —
א־א־א־מאמע.
אונטער מאמעס וויגעלע
שטייט קלאָר־ווייס ציגעלע,
ציגעלע געגאַן איז האנדלען
ראָזשינקעס מיט מאנדלען.

וויגט די מאמע ס׳וויגעלע,
וויגט א ליידיק וויגעלע...
איך מיט קלאָר־ווייס ציגעלע
גייען ארום האנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

# אינהאלט.